# פון אומעטום

אליעזר גרינבערג

1934

הויפטפארקויף:
בידערמאַנס בוך-געשעפט
176 2nd Avenue, New York, N. Y.

# אינהאַלט:

1
## פון אומעטום

## 2
## לויטערע פארנאכטן



## 3
## נעזאַנג



יין פענצטער צו דער גאַס, און צו דער וועלט — מיין ליד.
דאָס פענצטער ווייזט אַף נויט, דאָס ליד ווייזט יונגן צוויט.
און איך — ווי פאָנען צוויי — טראָגביידע מיט זיך מיט.

די נויט ציט באַרג אַראָפּ. דאָס ליד ציט באַרג אַרויף.
איין האַנט פאַלט נישט אַראָפּ ווען כיהייב די צווייטע אויף,
און כיטראָג — ווי פאָנען צוויי — מיין פרייד און שטראָף.

# פון אומעטום

אָ, מענטש פון אומעטום —
געבויגן
אונטער אייגענער לאַסט —
שטום.
מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.
מיט פינצטערן פּאַכעד — כמאַרעס אין די אויגן,
— שטעל זיך אָפּ!
— צאַם איין דיין פאַרווירט געלאָף!

זע:
ווי פאַרגיפטיקט ס׳איז שוין דאָ געוואָרן
דאָס וואַנזיניק צעבלי פון שווינדלענדיקע ווענט,
אונטער ווירטואָזן שוואונג פון הענט
וואָס פאַלן שוין אַראָפּ —
באַשווערט און איינגעמידט!

עס באַגלייט שוין מער די אַרבעט נישט קיין ליד!
און אָפּגעטאָן האָט זיך די פרייד פון מי.
— מיר זיינען אַלע איצט אַ דאָ —
ווי שטאָט־טויבן פאַררויכערטע.
מיר זיינען אַלע איצט אַ דאָ —
ווי פאַראירטע פּי
איינגעשפּאַנט אין יאָך.
און ס׳פלאַטערט איבער אונדז, ווי אַ בייטש, ראַש און כוצפּעדיק —
די גרויע פאָן —
פון אייביק מאָנאָטאָנעם מיטנוואָך.

אָ, מענטש פון אומעטום —
פאַרנעם אין נעכט,
פאַרנעם —
אין אייביק־שטומער טונקלקייט פון נעכט:
דאָס פייערלעכע פלאַקערן פון פייערלעך אין שויבן.
פאַרנעם —
ווי מויערן סוידען זיך פאַרגאַפטערהייט
מיט פאַרכאַפּטן אָטעם און צעגליטן גלויבן:
אַז גיריק הערט די צייט נישט אויף צו ברענען
און וואַרט מיט אומגעדולד
דו זאָלסט שוין דיין באַרוף דערקענען.
און אויפריכטן דיין דערנידעריקטן שטאָלץ.
און אויסלייזן דיין באַליידיקטן ייכעס.

האָרך:
ווי אונטער זשאַווערדיקע ריגלען
פון פאַרהאַקטע טויערן
וויינען קוואַלן פרייד און טרויערן,
טרויערן און דורשטן אויפגעפּראַלט צו ווערן.

דערשפיר:
ווי דער גאַנצער ערד־קיילעך
איז איין פאַרוואונדעט געשריי —
קויף אויס דיין נאָמען!
— פיר דורך דיין באַשערטע שליכעס:
— פון מערידע!
— פון אויסלייז!
— פון אויסלייז!
— פון מערידע!

— און זאָלן ווידער זיך די הענט די מידע
אַ יאָג טאָן מיט פרייד פון ווילד געלאַף,
מיט רויש פון פרילינגדיקע שטראָמען.
זאָלן ווידער זיך די אויגן
אָנצינדן מיט פרייד פון פייער!
זאָל ווידער אויפגיין אויף דער וועלט
צעהעלט —
ווי זונען־ליכט.
ווי שטערנשטויב.
ווי גאָלדן געזאַנג
פון געראָטן ברויט אין שייער.
אַ לויב צו מי.
אַ לויב צו פרייד.
אַ לויב צו אַלץ וואָס אָטעמט מיט באַשאַף.
אַ לויב.
**אַ לויב.**
**אַ לויב!**

# שטאָט־לאַנדשאַפט

הויכע, ריזיקע פאַבריק־קוימענס
קריצן מיט רויך־געשריפט —
אַף שטאָלענעם הימל, אַן אָפּרו ליד, אַן אייזערן געבעט.
דער אָוונט נידערט שטיל, געהיימניספול און טריפט —
מיט פייער,
פייער,
פייער!

עס לויכטן אויף לאַמטערנס.
שילדן צינדן זיך.

יעדע שויב צעבליט זיך העל ווי אַ ראַקעט.

די שטאָט איז איצט אַ פּלאַקערדיקער שייער
וואָס צערט און ווערט פאַרצערט פון אייגן פייער.

די רייען מויערן מיט קעפּ פאַרריסענע צו רוימען.
זעען אויס אַצינד ווי שטיינערנע אָדלערס —
וואָס גרייטן זיך צום פליען.

פון ווייטנס הערט זיך דאָס שווערע סאָפּען
פון אַ הודיענדיקער באַן.
און איבערן הימלס שמאָלע, שפּאַרעוודיק־צעפּאַסטע זוימען
גליטשט זיך ווי אַ ריזיקער גליוואָרים —
אַ באַלויכטענער עראָפּלאַן.

# האַרב און ביטער

אָ, מאַמע טייערע, צום וויפלסטן מאָל,
אין בענקעניש דערמאָנענדיק דיין נאָמען:
— ווערט אַלץ אַ ציטער טאָן אין קלעמעניש ס׳קאָל?

און האַרב און ביטער ווי פרישער כריין,
בלייבט נאַקעטע וואָר: בענקשאַפט און יאָם —
אַזוי ווי אַ צאַם צווישן אונדז שטיין.

און מעג מיר די נאַקעטע וואָר — ווי אַ פלאַם
אין פינצטערן אָפּשייד — אַן איידעס מיר זיין:
— אָ, ערד פון מיין וויגל, כ׳וועל שוין דיינער נישט זיין!

נאָר אייביק פון דאַנען, ווי אַ בלינדער נאָך שיין,
מיט בענקשאַפט אין האַרצן — צום וויפלסטן מאָל?
— דערמאָנען דיך, מאַמע, מיט ציטער אין קאָל.

## ווי מילדע לעמער

איך האָב שוין לאַנג זיך אָפּגעוואוינט אַדאָ —
פרימאָרגנס אויפצוכאַפּן זיך (ווי אין דער היים) באַם קריי פון העגער.
און ס'דוכט מיר אויס אין דער באַגינען שאָ,
אַז ס'קלינגט גאָר שענער —
דער קו־קו־רע־קו־פייף אַדאָ פון דער פאַבריק.

איך בענק שוין ניט צוריק —
נאָך מיין געבורטס־אָרט פון טריבע לאַנגווייליקע גאַסן.
עס קישעפט שוין נישט מער די פרידלעכקייט
פון אָקסן־שפּאַן מיין בליק.
איך בענק נישט מער נאָך יענע פרידלעכע זונען־טעג,
נאָך די אָוועגטן מיט מעלאַנכאָליש־בלויע הויכן!

— ס'איז ליבערשט מיר אַצינד, אַדאָ, באַטאָג —
דער טומלדיקער רויש, די קנוילן גרויע רויכן,
דאָס נאַכטיקע ראַקעטן־שפּיל
פון ליכט און פאַרב, פון פאַרב און ליכט.
און ווי אַ צעשניטן געוועב פון טויזנטער קאָלירטע פּאַסן —
זעט אויס דער הימל — דער שטאָטס געזיכט.

אָ, ליב געבורטס־אָרט,
אָ, גוטע היים,
— ווי גלייכגילטיק איך בין צו דיר געוואָרן!
איך גלויב זיך קוים, אַז דאָס האָב איך נאָך דיר
געבענקט אַזויפיל יאָרן,
און געכאָלעמט נאָך אַמאָל צו דיר צוריק צו קומען.

## פון אומעטום

די צייט אָבער, די אייביק־גוטע טרייסטערין,
האָט ווי אַ שוואַרץ־קינסטלערין —
אויסגעמעקט אין מיין זיקאָרן די בענקשאַפט,
און כ׳האָב מיין נייע היים מיט נייעם האָפער אָנגענומען.

איצט בליט פאַר מיר די שטאָט אדאָ מיט אירע מויערן,
ווי אַ יונג צערוישטער וואַלד אין שעפעדיקן גרינען:
אָ, שטאָט, מיין שטאָט,
איך קלאַפּ אָן מיט מיין ליד אין דיינע טויערן —
איך שטיי באַרוישט פאַר דיר אַף שוועל —
פון נייעם ליכטיקן באַגינען.

דער טאָג שפּראָצט ליכטיק און העל.
איך גרונטעווע דעם קוואַל פון נייע שלומערדיקע ווערטער.
עס נעמט ריזלען געזאַנג אין דער טיף פון מיין זעל.
— און מיט הייסן אָטעם,
מיט הענט — צוויי דורשטיק־טיפע עמער,
שעפּ איך ווידער —
נייע שורעם־לידער —
און לייג זיי אוים ווי גוטע,מילדע לעמער.

# אַף רוף

איך האָב נישט מיטגעבראַכט —
קיין שאַרפע עלנבויגנס,
קיין ייכעס־בריוו,
קיין ליסטיקע כאַניפע.
אונטערטעניקייט אין אומעט־פולע אויגן
וואָס בעטלען שטומערהייט בא די וואָס זיצן אויבנאָן,
אין פאַנטעאָן,
באַשיצט, באַוואַכט,
און מיינען, אַז זיי פירן מיטן גוירל פון אַ מענטש —
ווי מיט אַ שיף —
וואָס זיי דערפירן דורך פינצטערניש פון נאַכט,
מיט זיכערקייט — אין רו פון האַפן,
אַבי זיי זיינען זיכער, אַז זיין וואָרט, זיין וואָפן,
וועט קיינמאָל נישט אין זיי כאָלילע צילן.

זיי מאַכן זיך נישט זעענדיק און ווערן טויב
צום הילפסגעררוף פון דעם:
וואָס ראַנגלט זיך אין ווילד־געוויטער מיט אייגענעם געוויסן —
און שטרעקן אים נישט אויס קיין האַנט!
מיט גאַל פון פאַרשווייגן. מיט ציין — פאַרביסן,
היטן זיי מיט שרעק —
ער זאָל כאָלילע נישט אָן זיי זיך דורכשלאָגן אַ וועג,
אַ פענצטער — צום נישט־געאַנטן לאַנד.

וואו איז די ווערט? וואו איז די אויסגעטראַכטע לוין,
פאַר דעם וואָס שטרענגט דעם בליק אָן ביז צו ווערן שטאַר,
און שרייט אַף העכסטן קאָל
— אין שטומעניש — דעם איינגעזאַפּטן צאַר,
דער וועלט אַריין אין אויער!
— אָ, פאַכדאָנישע נעוויאים,
אָ, זעלבסטגעקרוינטע טרייסטער נאַרישע,
איר רעדט זיך איין:

אַז איר קענט אויסקויפן דעם פיין,
אַז איר קענט פאַרגיטיקן פאַר טרויער,
וואָס טויכט אויף פון טיפעניש פון האַרץ —
באַ דעם וואָס איז געקומען אַף רוף פון אייגן בלוט,
אין פינצטערן געפעכט מיט זיך אַליין.
אין דורשט נאָך ליכטיקייט פון וואָרט,
וואָס זאָל זיך דורכטראָגן ווי אַ פאַרשטיקט געוויין,
ווי אַ שטומע בענקשאַפט —
וואָס גרייכט אָן מינדסטן אָנדייט אַף אַ וואָרט,
צום ווייטסטן און פאַרשטעלטסטן אָרט —
צום האַרץ — צום טיפסטן גרונט — פון בליענדיקן וויי ! . . .

— און ווען עס געפעלט — איז גוט!
און ווען ניט, איז אויך גוט!

זיי גאָט מיין אוידעס,
וויפיל מאָל איך נידער אַראָפּ פון בעט,
אין שלאָפלאָזע נעכט —
אין פרומער בענקשאַפט נאָך טרייסט פון ערלעכן געזאַנג.

— וויפיל מאָל איך גענען מיט שטילע טריט צום ביכער־שראַנק,
שטרעק אוים די הענט —
נאָך לידער־בענד
אָפטמאָל פון סאָנים
(מיט רעכט און אומרעכט)
און פון מינדסטן הויך פון זייער הייסן אָטעם,
נעמט מיך דורך אַ פיינלעכער ציטער פון זייער געזאַנג,
קוק איך זיי אַריין אין פּאָנעם —
מיט אַזוויפיל אָפענער פאַרגעבונג,
מיט אַזוויפיל קינעדיקער דאַנקבאַרקייט,
אַז טרערן שטעלן זיך מיר אין די אויגן.

נאָר זיי אויך גאָט מײַן אײדעס,
וויפֿיל מאָל איך ווענד די אויגן אָפּ מיט קאַס,
די ליפּן — האַלב־געצווימט פֿון פֿלוך,
אַפֿילע פֿון אַ פֿרײַנטס אַ בוך,
ווײַל ס'האָט דער אָטעם פֿון אַן אויסגעטראַכטן צאַר,
פֿון אַן אויסגעקלערטער פֿרייד —
אָפּ מיר אַ ווײ געטאָן פֿון זײַנע רייד,
און ס'צינדט אין מיר זיך אָן אַ ווילדער האַס,
וואָס וועגט אַראָפּ און מאַכט מיך ווי אַ בוים געבויגן.

איך האָב נישט מיטגעבראַכט —
קיין שאַרפֿע עלנבויגנס,
קיין ייִכעס־בריוו,
קיין ליסטיקע כאַניפֿע.
— איך בין געקומען אויף רוף פֿון אייגן בלוט,
אין פֿינצטערן געפּעכט מיט זיך אַליין.
און ווען עס געפֿעלט — איז גוט!
און ווען נישט — איז אויך גוט!

— נאָר אייביק ברענען וועט אין מיר —
ווי דער מידבערדיקער דאָרן,
מײַן ליבשאַפֿט און מײַן סינע,
מײַן סינע און מײַן ליבשאַפֿט,
און ביזן לעצטן אָטעם־צוג מיך באַגלייטן ווי מײַן שאָטן,
ווי מײַן שאָטן מיך באַגלייטן דורך אַלע מײַנע יאָרן.

— מײַן ליבשאַפֿט און מײַן סינע,
מײַן סינע און מײַן ליבשאַפֿט,
ווי דער מידבערדיקער דאָרן —
דורך אַלע,
אַלע,
אַלע מײַנע יאָרן.

# די ערעוו־מאָרגן שאָ

בלינדע, דרימלענדיקע מויערן
דערדרימלען שוין די לעצטע רעגעס ערעוו־מאָרגן שלאָף.
אָט־באַלד, און ס'וועט דער טאָג צעפּראַלן זיינע טויערן —
פון ראַש,
פון רויש,
פון אומרו,
פון גערודער!
און ווידער וועט זיך אָנהויבן דער באָוולדיקער טויש —
פון וואָס דען נישט?

אָט באַלד וועט ווערן אָפּגעווישט
די נעפּלדיקע גרעניץ צווישן נאַכט און טאָג.
די זון וועט ווי אַ בלענדנדיקער גלאָק —
צעקלינגען איר ליכטיקן אָנקום.
אַ פאַרשפּעטיקטער מילך־וואָגן
רעדלט דורך די נעפּלדיקע גאַס,
וואָס רייבט זיך אויס פון שלאָף די אויגן.

פון רעסטאָראַנען זעצט אַרויס אַ שאַרפער ריעך —
פון פרישער קאַווע און פון פריש געבעקס.
דער הויכער שטאָט־זייגער נעמט שלאָגן —
זעקס.
און פון ווייטן — זיין באַלויכטענער ציפערבלאַט
ווי די לעוואָנע רונד און בלאַס.
עס לעשט זיך אויס דער קישעפדיקער רעגנבויגן —
פון פייערן,
וואָס האָבן אַ גאַנצע נאַכט, ווי וועלפישע אויגן,
איבער דער שטאָט געהויערט.
אין מיזרעך־זייט באַווייזט זיך שוין אַ שפּראָץ אַף מאָרגנשיין.
פון ווייטן יאָגט זיך אָן דער „על" מיט רויטע אויגן פון נישט־שלאָפן —
און ס'פאָרט־מיט מיט אים די ערעוו־מאָרגן שאָ —
אין טאָג אַריין.

# שטאָט-געמיט

א

עלנט —
ווי א פאַררוויכערטע טויב
צווישן פאַרוואָרלאָזטע פאַבריק־קוימענס.

ב

איבעריק —
ווי אַן אויסגעמאַטערט לאַסט־פערד
אױף ניו־יאָרקער גאַסן.

ג

פאַרלוירן —
ווי א סקעפּטישער אַרבעטסלאָזער,
וואָס זוכט שוין נישט קיין אַרבעט.

# פון אונדזערע טעג

עס הענגט אַ שווער געמיט איבער די שטעט,
פאַבריקן פּוסטעווען און ס׳רוען די מאַשינען.
עס וואַקסט די צאָל פון די מיט אויסגעצערטע פּענימער,
מיט פינצטערער טראַגיקייט — במאַרעס אין די אויגן.
מיט טליענדיקן האַס אין האַרצן.

אַף באַקן — צעפּלאַמטע, שווינדזיכטיקע רויזן,
מיט ווילד־געוויקס פון טשאַפּרינעס און בערד,
מיט צעריסענע שיך,
מיט צעלאַטעטע הויזן.
און ס׳איז די האַרטע ערד זייער בעט,
און ס׳ווײַנט די שוואַרצע קויטיקייט —
אַף זייער טראַנטעדיקן גרעט,
ווי ס׳ווײַנט מיסט און קויט
אַף פאַרנאַכלעסיקטער ערד —
וואָס טראָגט אַף זיך די פאַרשאָלטענע בראָכע
פון נישט אויפגעגאַנגען ברויט.

ס׳האָט נישט די פּוילע רו פון זאַטער אומצופרידנקייט
פון רייך־געגרייטע טישן זיי אַוועקגעריסן.
ס׳האָט נישט די נודנע לאַנגווייל, ווי מאָיל זייער געמיט צעביסן;
פון פּוכיקע געלעגערס זיי געהויבן —
און פון וואָילטאָג זיי פאַרוואַנדלט
אין בעטלענדיקע, פינצטערע נאָמאַדן.
נישט דער לעסטער פון וואוילטעטיקע שוועסטער
האָט צעטרייסלט זייער באָדנדיקן שטאַנד.
נישט פאַלשער רייץ צו אַוואַנטורישן וואַנדער.
נישט לאָקנדיקער גלאַנץ פון קאַמופלאַזשע גליקן

האָט זיי פון שעפּעדיקע וואַרשטאַטן, פון רווישיקע פאַבריקן —
גענומען באַ דער האַנט:
און זיי צעזייט ווי בליענדיקע וואונדן
אַף וועלטס געוויסן —
העפקערדיקע וואַגאַבונדן.

ס'האָט מאַטער פון כּאָרעווע טעג —
נאָווענאָדער וואָרלאָז אַף גלייכגילטיקע וועגן,
כאַלעפּדיקע קעלט פון באַגינענס,
אַף באַראַט פון גאַסן זיי אַרויסגעטריבן,
און ווען די שטאָט דערוואַכט, מיט קרענקלעכן שיין,
פון שווידער אין די שויבן;
מיט מעשוגענעם געברום פון הונגער־בסורעס אין מויל:
גרוי !
גרוי—ל ! !
גרררויללל ! ! !
**דעמאָלט לויערט דער הונגער, וואַנזיניק, ווי אַ פּרעכער רויבער,**
**און פּאַרזייט ווי רויטן מאָן, פונקען פון מערידע,**
אין בלוט פון די באַליידיקטע שאָפּטים,
(וואָס ווייסן נישט אַליין אָפּטמאָל)
אַז זיי איז אָנגעצייכנט, די ערשטע גיין דעם רויטן שיין —
פון נייעם טאָג אַנטקעגן.
אַז זיי האָט די געשיכטע אויסדערוויילט,
צו זיין די ערשטע פון דעם נייעם ייכעס.
פון די ערשטע —
(אָפּט נישט ווילנדיק)
אַ שפּיי צו טאָן דער קרעציק־אַלטער וועלט אין פּאָנעם! —
און דורכפירן מיט ווירדע —
**די גרויסע,**
גרויסע שליכעס.

# זונטיק

היינט איז שטיל אין שטאָט
ווי אין אַ קלויסטער אַ גאַנצע וואָך.
וואו בלויז די טריט פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער מויז
און דאָס פאַרכאַלעשטע קאָל פון אַן איינזאַמן גאַלעך,
וואָס פּרעפּלט אַ טפילע צו גאָט —
שטערן די רו פון שטאָט.

די ווייזערס אַפן שפּיץ פון טורעם־זייגער
קריכן היינט אַרום פּויל, געלאַסן,
(גאָרנישט ווי זייער שטייגער)
ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן —
אַז די צייט איז די הויפּט־ווערט
מיט וואָס אַלצדינג ווערט אַדאָ געמאָסטן,
פון וואָס אַלצדינג ווערט דאָ אויפגעפרעסן.

די גלייכע לאַנג־שורעסדיקע גאַסן
פרייכן מיט דעם הייסן אָטעם פון הייץ־אויוונס.
די זון אין דער הויך — ווי אַ פייערדיקער פּאַווע־פעכער
שווינגט אָנגעגליטע האַמערס אַף די קאָוואַדלעס — די דעכער,
וואָס בלאַנקען ווי קופּערנע פּאַנען —
פריש געשייערט.

**פון אומעטום**

ס׳האָט היינט דער הימל אויפגעדרייט
אַלע זיינע זודיק־זידנדיקע קראַנען
צאַפּט זיך אַף דער ערד אַראָפּ, פון אויבן —
טייכן גאָלדענער פייער.

אין הויז איז נישט צו בלייבן.
אויף דער גאַס איז נישט אַרויסצוגיין.

די קוריץ־געשענקטע־רו
און
געהעניםשער פייער
האָבן היינט די יוגנט פון שטאָט צום יאַם אַרויסגעטריבן,
און די וואָס זענען היינט אַדאָ פאַרבליבן —
יאָנטעוון אין שטילן עלנט —
דעם קוריץ־געשענקטן־יאָנטעוו
פון רו . . .

# אַ פּאַטש אין פּאָנעם

כ׳האָב היינט, שפּאַצירנדיק אין פעלד,
זיך אָפּגעשטעלט —
לעבן אַ מערעזשקע־נעסט.

די אַרבעט איז געווען —
אין שעפערישן ברען.

ווי אין אַ גוט־איינגעאָרדנטער און פרידלעכער מעלוכע,
האָבן אַ טייל פון די אינסעקטן —
פריינטלעך אויפגענומען געסט.

ווער עס האָט מיט ליבשאַפט דערצויגן
דאָס קליינוואַרג, דעם נייעם דאָר.
ווער עס האָט מיט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט,
(אויסגערעכנט ביז אַ האָר)
אַ הוילעניש, ווי אַן אונטער־ערד־באַן געצויגן —
פון וועלט צו פינצטערניש און פון פינצטערניש צו וועלט.

ווער אױף אַ באַפעל,
ווער אױף אייגענער איניציאַטיוו,
האָט געגראָבן מיט פלינקייט, מיט כאָכמע און פליים:
שפּייכלער —
וואו צו באַהאַלטן אין דער טיף,
די דעראָבערטע קערנדלעך פון פעלד,
אױף ווינטער־צייט — זייער שפּייז.

— און מיר האָט זיך געדוכט —
ווי אַלץ וואָלט דאָ געווען:
אַ פּאַטש אין פּאָנים
דער מענטשלעכער גאַיווע אין מיר.

# אָרעמער אוישער

דיין פּנעם איז אַ זאַטער אויסרופצייכן
פון פעטע מאָלצייטן און כאָלעמלאָזע נעכט.
ווי אַ לייב איבער זיין פאַרצוקטן רויב
וואַכסטו גיריק נעכט און טעג
איבער דיין פאַרמעג.

נישט מיט דעם קאַפּריז פון צופאַל
דערקלערסטו דיין דערפאָלג, דיין גוטן שטאַנד,
נאָר, מיט דעם קוואַל פון אייגענער כאָכמע
וואָס די האַשגאָכע האָט דיר צוגעטיילט מיט פרייער האַנט.

דו ביזט געוואָרן אַן אָרימער־אוישער!
מיט ווייערך פון דיין זעלבסט־צופרידנקייט
האָסטו פאַרשלעפּערט דיין געוויסן.
האָסט געפעלשט מיט בונט אין בונד פון באַרויבטע ברידער.
האָסט פאַרלאָשן אין זיך דעם הייליקן פלאַם פון יוישער.
(אָך, ווען דו זאָלסט נאָך וויסן —
ווי אַזוי מען פאַרנאַרט דעם ט ו י ט צו זיך אין נעץ!...)

דאָך טרעפט אַמאָל, דו קומסט אַהיים
באַרוישט פון טאָגס דערפאָלג ווי נאָך אַ ליבע־טאַנץ,
**וואָס טראָגט אין זיך די האָפנדיקע זאָמען פון אַ גליענדיקן באַגער.**
דער קאָפּ ווערט דיר שווער.
עס מיידט אויס דיינע אויגן דער שלאָף.
געפינסט זיך אַף דיין געלעגער נישט קיין אָרט.
עס באַפאַלט דיך אַ מוירע.
צווישן אַלע דיינע פריינט דערזעסטו זיך אַליין.

### פון אומעטום

אין דער שטילקייט פאַרנעמסטו אַ געוויין —
ווי דאָס פינצטערע געוויסן, פון איינעם, וואָס איז באַגאַנגען אַ מאָרד:
יוגנט־יאָרן טויכן אויף —
ווי רויטע דראָענדיקע פאַקלען פון אַ העלן גלויבן
וואָס נעמט איין די וועלט!
פאַר דיר איז דער וועג צו די אַפּאָסטאָלישע רייען —
פאַרשטעלט !
פאַרשטעלט ! !
פאַרשטעלט ! ! !

אייגן בלוט —
ביזטו געוואָרן אייגן בלוט אַ סוינע!
אַן אָרעמער־אוישער!
מיט ווייערך פון דיין זעלבסט־צופרידנקייט
האָסטו פאַרשלעפּערט דיין געוויסן!
האָסט געפּעלשט דעם בונט פון באַרויבטע ברידער —
און פאַרלאָשן אין זיך דעם הייליקן פלאַם פון יוישער.

# ראַנד

— כ׳בין לאַנג אַרום זיין בעט געשטאַנען.
געבויגן.
דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.
איבערן קאָפּ — אַ האַמער — אין שוואונג.
איבער די שלייפן אַ פראָסט.
אין מויל — ווי אין קלאַמער — אַ צוגעשמידטע צונג.
פאַר די אויגן — שוואַרצער פליגל־רויש. —
און ער האָט נאָכאַנאַנד געקוקט מיר אין די אויגן:
מיט אַ בליק אי נאָענט, אי ווייט.
מיט אַ בליק — וואָס מאָנט און בעט.
מאַכט פאָרוואורפן און גלעט —
אין איין צייט.

איך האָב דערפילט זיך שולדיק.
און פיינלעך שולדיק זיך פאַר אים אַנטשולדיקט,
אין הילפלאָזן און ציטערדיקן שטומען.
און נישט קיין וואָרט.
— קיין איינציק וואָרט פון טרייסט!

אין זיך —
פאַר אים.
פאַר זיך —
אין זיך —
געקאָנט געפינען.

— אַזויפיל רייד!
אַזויפיל אויסגעפּוצטע, יאָנטעוודיקע רייד פון טרייסט,
האָב איך פאַרגרייט —
אין זינען —
גייענדיק צו אים.
— וואו זיינען אַלע ווערטער מיר אַצינד אַהינגעקומען!

אָ, גאָט, בינד אָפּ די צוגעשמידטע צונג מיר פונם גומען!
אין שטומקייט לאָז מיין אייגן קאָל מיך הערן!
— לאָז פריי ווי וועסנע־צייט אַ טייך —
מיין פאַרפרוירענעם קוואַל פון טרערן!
איך ווייס שוין באַלד נישט וואָס געווען איז!
— ווייל וואָס אַז מיר באַנעמען שוין
דעם זין פון שוועבנדיקע עראָפּלאַנען אין די הייכן —
וואָס ברענגען אונדז שוין באַלד מיט דיר אין שכיינעס,
— צי ווערט דערפאַר דען ווייניקער די צישעדיקע גרויל!

און וואָס אַז מיר האָבן שוין דערטראַכט זיך
צו באַטרעטן דעם גרונט פון יאַם!
די פינצטערניש פון גוירל הענגט נאָך אַלץ איבער אונדז —
ווי פון ערשטן טאָג פון אייביקן אומענדלעך —
אין שרעק פאַרהוילן — אָן אַ טרייסט. —

— אַז אייביק פליסט אין די אָדערן — די שרעק — ווי סאַם!
אַז אייביק פינצטער בלייבט און אומפאַרשטענדלעך —
דער געהיימער רויש פון פליגל,
וואָס לייגט אַוועק מיט לעצטן שווייגן אַפן מויל —
ווי אַ זיגל —
אַ לאָפּעטע ערד!

און אַט שטיי איך פאַרגאַפט — אין נעפּלדיקן פּיין,
פאַרן רעטעניש פון אייביק־נייעם אומגליק —
— שטום —
און האָב אַפילע נישט קיין וואָרט,
קיין שאָטן פון קיין טרייסט־וואָרט בלויז —
פאַר דעם וואָס גייט פאַר מיינע אויגן אויס.
און קוקט מיר אין די אויגן:
מיט אַ בליק — אַי נאָענט, אַי ווייט.
מיט אַ בליק — וואָס מאָנט און בעט.
— מאַכט פאַרוואורפן און גלעט —
אין איין צייט.

דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.
איבערן קאָפּ — אַ האַמער — אין שוואונג.
איבער די שלייפן — אַ פראָסט.
אין מויל — ווי אין קלאַמער — אַ צוגעשמידטע צונג.
פאַר די אויגן — שוואַרצער פליגל־רוויש — פון פלאַטערדיקן טויט.
און עמיץ צאַפּט
און צאַפּט —
דעם לעצטן טראָפּן בלוט מיר פון דער הויט . . .

# נאַכט און פינצטערניש און יאַם און מירביידע

דעם אָנדענק פון משה לייב האַלפּערן

נאַכט.
נאַכט און פינצטערניש.
און אויף שטאָלצן רוקן
פון איינזאַמסטן פון אַלע איינזאַמע — דעם יאַם —
רייט אויף כוואַליעס שוים,
אויף הויכע גלעזערנע ווענט,
אויף וואַסער־בערג,
שטעלט זיך אויפן קאָפּ —
שטעלט זיך אויף די הענט —
אַ גאַלאָפּירנדיקער שטורעמווינט!

פינצטער.
פינצטער און פאַרלאָזן;
ציט זיך אין שרעק
דער צאָרנדיקער ברעג.
נאָר ווי מיט אַ פאַרפייניקט געשריי קלאָגט היינט באַנאַכט דער יאַם,
ווי מיט אַ שטאָלץ געשריי פון אַ באַליידיקטן שטאַם,
ווי מיט אַ דערשראָקן און ביטער געוויין
שלאָגט היינט דער יאַם זיך אַליין
מיט מיליאָנען כוואַליעס־פויסטן אין האַרצן,
און פירט מיט זיך אַליין אַ פאַרביסן געפעכט
וואָס ווערט פון קיינעם נישט דערהערט.
וואָס ווערט פון קיינעם נישט געטרייסט —
און וועט קיינמאָל נישט ווערן דערלייזט.

און ווי אורבענקשאַפט פון טרויער אין לעוואָנעדיקע נעכט
ווען עס נעמען קלאָגן טשאַטעס מעלאַנכאָלישע הינט,

## פון אומעטום

נישט ווייל עמיצנס טריט האָט זיי זייער שלאָף צעשטערט,
נאָר ווייל סאַם פון אייגענעם טרויער האָט זיך ביזן האַרצן דערשפּינט.
אזוי ברומט היינט דער יאַם.
אזוי קלאָגט היינט דער יאַם.
אזוי קאָרטשעט זיך און קנייטשט זיך היינט
דער ברומענדיקער ריז!

— אָ, יאַם, אָ, יאַם, ווי מעכטיק דו ביזט
אין אויפבּרויז פון דיין הילפלאָזער מעכטיקייט!
דיין אָנקום איז — געבאָט!
דיין צאָרן איז — פאַרפליי!
דיינע לויערנדיקע פאַרנאַרערישע וואַסער־טיפן —
זיינען טויט און שפּאָט!
ביזט לייכטקייט פון קאַפּריז און אָפענע געפאַר!
פאַר פייגלינגען — פאַר קלוגן ווי פאַר נאַר —
ביזטו אַן אייביקע נעץ פון דראָענדיקער שווידער־שרעק!

— אין דיין ציקלאָנישער סטיכישקייט, איז פאַראַנען:
קישעף און גרויל פון אוראַגאַנען!
צווייפלאָזער געווייסן און געזעץ פון גערעכטיקייט!
און ליב האָבן דיך דערפאַר —
דרייסטע קאַפּיטאַנען.
שיקערע אַלבאַטראָסן.
מוטיקע שיפן,
און העפקערע מאַטראָסן.

## פון אומעטום

אָ, יאַם, צעכראַמטשעטער, צעברוויזטער און דונערנדיקער יאַם,
ברויז, רעווע און ברום!
שפּרייט אויס די וואַסער־פליגל פון דיין נישט־געשטילטן צאָרן!

פליִיץ און פאַרפליִיץ!
וואַש אָפּ די קליינלעכקייט פון שטויב!
וויש אָפּ די גיריקייט פון גייץ!
וויין ווי אַף אַ פּלייט!
קלאָג ווי אַף אַ האָרן!
שטורעם און שאַל!

שריי ארויס —
דיין באַליידיקטן שטאָלץ!

שפּיי ארויס —
די רואיקע צופרידנקייט ביז ווידערווילן
וואָס האָט דיך געוואָלט פאַרציען מיט שליים!
וואָס האָט דיך געוואָלט פאַרוויגן
מיט זיכערקייט פון אַ היים
פאַר זשאַבעס און רעפּטילן!

ווייל מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועסטו זיך באַרואיקן.
וועסט ליגן ווי אין כאַראַקטע שטיל און שטום,
ווי ביזט געלעגן ביז איצט
בּאַ רייכע שוועלן פון דער וועלט
אַ הונגעריקער וואָלף...

פון אומעטום

— און שאָלעם וועסטו מאַכן מיט דיין גורל — —
אַז ווייטער פון ב ר ע ג ן וועסטו קיינמאָל נישט אַרויס!
אַז ס'איז דיין אייגענע אַלמעכטיקייט דיר גאָר א צאַם!
אָ, איינזאַמסטער פון איינזאַמע — מיין יאַם!

מאָרגן צי איבערמאָרגן וועלן אַף דיין גלאַטן רוקן ווי אַף א שפּיגל
זיך אויסגלעטן דיינע קנייטשנדיקע טיפן!
מענטשן וועלן שווימען אַף דיין פלאַך
און פּאַטשן דיר גוט־ברודעריש אין פּלייצע...

שיפן וועלן פון דיינע ברעגן מיט זיכערקייט זיך שיפן.
זעגלען וועלן זעגלען ווי ווייסע פליגל.
באַטאָג וועט זיך די זון אין דיר שפּיגלען,
און באַנאַכט וועט זיך אין דיינע וואַסערן די לעוואָנע וויגן —
ווי אין א וואַסער־וויג
א זילבערנער דרימלענדיקער לאַם.

רואיק און — —
שטיל.

שטיל און — —
רואיק.

רואיק . . .

שטיל . . .

נאָר איך וועל קומען צו דיין ברעג
אָ, איינזאַמסטער פון איינזאַמע, מיין יאַם!
און אומגיין גאַנצע נעכט און אומגיין גאַנצע טעג,
און טראַכטן פון מיין זיין־דאָ אויף דער וועלט...

און מיט פייערלעכער טראַגיק פון פאַרגענגלעכקייט
וועלן מיר אַ לויכט טון אַלע מיינע פאַרשוואונדענע טעג
ווי גוטע זין געראָטענע, וואָס זענען פון גאָר דער וועלט
צו גאַסט צו מיר געקומען.

איך וועל טראַכטן —
וואָס איך האָב איינגעשטעלט.
וואָס איך האָב פאַרלוירן.
און, וואָס איך האָב אויסגענומען...

מיט וויפל שטומען צאַר אויף הימל —
עס גייען אוים די מעלאַנכאָלישע פאַרנאַכטן.
און אַז ס'איז דאָס זיכערקייט פון מיין זיין־דאָ —
ווי דאָס זילבער־שוים אויף דיינע כוואַליעס.
ווי אין דיין זאַמד אַצינד מיינע טריט.

און נאָך —
אַ הויפן בענקשאַפט,
זילבער־געוועב אין לעוואָנע־נעכט

## פון אומעטום

אף הארבסטיקע קעפ פון טרויעריקעביימער,
פארצווייפלט געוויש פון מעווע־פליגל
וואס האבן זיך אין מיטן פליען איינגעמידט —
איז דאס צעבליטע און צעצווייטע יידיש ליד.

נאר העפקער איז דאס —
ווי דאס גאלד פון זומער אף דער ערד.

העפקער איז דאס,
איבעריק —
און א טרייסט.
פון קיינעם נישט געהערט.
פון קיינעם נישט דערלייזט —
ווי דיין שטאלץ און פארפייניקט געשריי...

אבער, היינט פארגיב מיר.
איך לאז דיך איבער —
איך גיי אהיים.
איך גיי...

ווייל ווי פון א פארפייניקטן שטאם
דיין שטאלץ און באליידיקט געשריי —
איז היינט צופיל!
צופיל! — פאר מיין אייגן צערודערט געמיט,
און פאר אזא כאווערשאפט ווי מיר צוויי...

— אַ גוטע נאַכט.
איך גיי.
אָבער איך נעם מיט זיך מיט:
אין מײַן געהער —
דײַן פאַרפּײַניקט געשריי,
— פאַרשטיקט אין מײַן האַלדז.

אין מײַן אויג —
אַ טרער,
אַ שטויבל פון דײַן זאַלץ.

די אור־בענקשאַפט פון טרויער —
דײַן געוויין —
פאַר מײַן ליד אַ טראָפּן סאַם.

אַ גוטע נאַכט.

אָ, אײַנזאַמסטער פון אײַנזאַמע.
אָ, כאַוּוער מײַנער,
אָ, יאַם,
מײַן יאַם . . .
— — — — — — —
— — — — — — —
— — — — — — —
— — — — — — —

# לענין

— דו ביזט געקומען מיט ליכטיקער אקשאָנעס!
מיט אורגלויבן אין אייגענעם באַרוף!
און ווי אַ פעלז געדולדיק באַלאַדן איז געווען דיין גוף
מיט שטומן, שטומן אויסדויער.

דו האָסט געבליט אין האָפענונג —
און פרעמד איז דיר געווען דער לאַנגווייל פון טרויער.
דיין אורגלויבן איז בלויז געווען צו מעסטן מיטן קויעך
פון דיין אייגענעם גלויבן.

דיך האָט געלאָקט אומדערמידלעך —
ווי דורך מאַטע שויבן
אַ פאַרטרויענדיקער שטערן אין דער הויך,
די שיין — פון דיין באַשערטן ציל און צוועק.

דו האָסט אָפּגעקערט דיין אויער
פון בלינדער אָנפאַרטרויעלעכקייט,
ווי פון פאַרפירערישער, רייצנדיקער יונגפרוילעכקייט;
ווי פון אַ פאַרדעכטיקט־נאַרנדיקער האַנט,
וואָס האָט געדראָעט און געשראָקן —
דו זאָלסט נישט ווערן זיך אַליין קיין לאַסט אַף וועג
צו דיין געכאָלעמט לאַנד!

דיר איז געווען דערווידער דער האַרבער רייץ פון נישט געדייפטן גליק!
די פרייד פון צופעליקן פּאַרוים!
דיין יעדער דורכפאַל איז געווען מיט באַנייטן אימפּעט אַ שטויס
צו פּאַלמעסן אין זיך יעדן מינדסטן אויפגלי פון צוויפלהאַפטן זיג!

דו האָסט געגאַרט און געוואַרט אַף טרייסט פון קומענדיקן שטורעם,
דו האָסט געברענט מיט אומגעדולדיקן־געדולד צו ווערן פורעם,
צו ווערן כאַליף — פון צונג,
צעוויג — פון גלאָק,
אורקאָל,
רוי געשריי — פון נייעם טאָג,
פון נייעם עמעם וואָס די וועלט אין איר נעפּלדיק געבורט ברומט אַרויס
אין איר נאָך־נישט־באַנומענער פריידיקער וויי!

ביז ס'האָט געטאָן די שאָ אַ שלאָג:
די צייט אַ וואונק.
אַ צי —
אַ ריר דיך באַ דעם אַרבל —
ג ע נ ו ג !

גענוג געלייטערט זיך אין שטאַמל פון דוירעס־לאַנגן שטומען!
— גענוג געשלייפט דיין געדולד
אַף שאַרפשטיין פון געקריוודעטע רייד,
וואָס האָבן זיך געריסן
מיט שולד און באַשולד —
פון דיין פאַרזיגלטן גומען!

פיר דורך דיין שליכעס!
— מעק אָפּ די ביז איצט פאַרשאָלטענע צווישנשייד!
פאַרטרייב די פינצטערע פאַרראַט!
טרוקן אוים דעם טייך פון האַס!
וויש אָפּ דעם סאַם פון צווישנשייד:
צווישן טאַט און רייד
און רייד און טאַט!

פאַרזיווּעג זיי!

פאַרקנאַס!

פון אומעטום

— ווער האָפנדיקע פאַרגעבונג!
— זיי שעפערישע דרייסט!
— ווער אייביקע באַלעבונג!
— זיי אָטעם פון גייסט!

— געדאַנק אין געזאַנג!
— ווער ליכטיקע באַפרייאונג!
— ווינט פון צייט!
— אייביקע באַנייאונג!

פון צעהויקערטע, פאַרוואונדעטע יאָרן
— זיי ליכטיקער, לויטערער געוויסן! . . .

און דו האָסט געהערט —
געיעירט —
— און ביזט געוואָרן! . . .

# עס ברענען שוין די ווענט פון דער וועלט

פאַראַנען נעכט
ווען צו די אויגן נעמט זיך נישט קיין שלאָף.
און דורך דער טיפעניש פון האַרץ
גייט אום, ווי צו כאָלעם, דער טרויער.

דער אומגליק
שלייכט שוין אום
איבער דער וועלט —
אומפאַרמיידלעך און שטום
ווי דער גוירל;
ווי וויסט און וואָגלענדיק געזאַנג
פון בלינדע בעטלער
אַף אָנגעלאָפענע וועלט־יאַרידן.

אין אַזעלכע נעכט
אַנסטו
ווי ס'פינצטערט שוין אַ בלוטיקער גזאַר,
ווי ס'לויכט שוין אויף מיט געפאַר
פון באַנאַכטיקן שטערנגאַנג
די וואונדיקע וואָר,
ווי אַ קרעציקער אויסשיט פון פייער אַף לייב פון דער וועלט.

עס הויערט שוין ווי פאַרשאָלטן געשטאַנק
דאָס מאַזל פון אַ דאָר —
וואָס געדענקט נאָך קלאָר

ווי די וועלט איז ערשט געווען צעטיילט אַף האַלב:
אַ דולהויז און אַ בוינע;
און ברודער קעגן ברודער — סוינע קעגן סוינע!
ווי הימלען האָבן גערעגנט מיט פּעך און קלאָלעס,
מיט שוועבל און זאַלפּ.
ווי די טויזנטקעפּיקע זיך אַליין באַוויינענדיקע רישעס
האָט פּאַרזייעט שווידער און גרויל,
גרויל און שווידער.
ווי גאַליק ס'האָט געטריפט פון איר מויל —
סאַם און פאַרראַט!
פאַרראַט און סאַם!
און געהאָגלט האָט שרויט.
און געיעירט האָט מען מיסטרוי!
— גערונען האָט בלוט.
געשונדן האָט מען הויט.
און געאַרבט האָט מען ביין!

עס טויכן אויף אין זיקאָרן —
שנורן פון בלוטיקע יאָרן.
כאָרעווע דערפער.
כאָרעווע שטעט.
און געמערט האָבן זיך אַף דר'ערד:
קאַליקעס און אינוואַלידן,
אויסגעצערטע קינדער,
יונגע גרייזן,
טרייסטלאָזע טאַטע־מאַמעס,
דולע אַלמאָנעס.

— און געשמעלצט האָט מען שטאָל,
און געשמעלצט האָט מען אייזן.
און איין גרויסע שווערד
האָט געשניטן און פאַרצערט —
פאַרצערט און געשניטן —
דעם מענטשישן מין.

פעלדער און וועלדער
מיט צלאָמים פאַרזייטע.
און שטרעקעס און שטרעקעס —
פאַרשאָטן, פאַרשנייטע
מיט שאַנד און מיט אומגליק,
מיט אומגליק, מיט שאַנד,
און איבערן ערד־קיילעך — דער בליענדיקער וואונד
האָט געטאַנצט לעסטער און רישעס.
רישעס און לעסטער —
שוועסטער און ברודער, ברודער און שוועסטער,
האַנט אין האַנט,
אין פרעכן בונד.
דעם טאַנץ פון טויט!
דעם טאַנץ פון טויטט ! !
דעם טאַנץ פון טויטטט ! ! !

און עס האָט שוידער געלאַכט.
און עס האָט געשטשירעט די גרויל.
און עס האָט געבויזעקט די שרעק!

אין אַזעלכע נעכט —
ווערסטו איינגעשרומפּן ווי אַ קינד.
דו טוליעסט זיך אין הילפלאָזן עלנט צו דער פינצטערניש צו.
עס שרעקט דיך דער מינדסטער רויש פון ווינט —
ווי שוואַרץ־בסורעדיקע טריט פון אָנקומענדיקן אומגליק.
דו ווערסט פון פינצטערניש צו פינצטערניש אַ בריק.

דאָס האַרץ פון דער וועלט איז מיט פּיין באַשפּונען.
דאָס ליכטיקע אויג — די זון — איז אויסגערונען
און דער וועג פאַראומגליקט און פאַרשטעלט.

קראַנק איז דאָס האַרץ
און ס'איז נישטאָ פאַר דעם קיין טרייסט.
און ס'איז נישטאָ פאַר דעם קיין רו.

אַלץ וואָס דו זעסט,
אַלץ וואָס דו פאַרנעמסט:
איז בלוטיק־געוויין פון יונגע, בליענדיקע יאָרן
וואָס ליגן מיט די אויגן פאַרגלעזט
און ציטערן פאַראָוולטע
אַ שוואַרץ געזאַנג פון טרויעריק בליפּן.
ווי פולע בעכערס שוימענדיק געטראַנק
וואָס פינקלען פאַרשעמט
און ווייסן אַז זיי וועלן שוין קיינמאָל ניט לעשן
דאָס שיקערע פייער פון דורשטיקע ליפּן.

דער הימל הענגט נידעריק, באַטריבט,
און וויינט מיט באַרם פון טוי.
טרויער ווערט אַף טרויער געקייפּלט.
אין אַזעלכע נעכט —
ליגט מען אין צווייפל פאַרצווייפלט
און מען הערט ווי די האָר ווערן גרוי.
מע הערט —
ווי אַ שנאָבל, קלאַפּט אומדערמידלעך אין דיין זעל
דאָס דולע קאָל פון איינגעדרימלטן געוויסן:
— אָ, מענטש, איך קום צו דיר ווי צו אַ געפאַנגענעם אין צעל!
אָ, מענטש, לאָז מיך אַריבערטרעטן די שוועל
פון דיין פאַרריגלטער, פינצטערער אורשרעק!
— איך קום דיך וואָרענען!
— איך קום דיך באַגריסן!

די נאַכט לויערט מיט אומגליק!
מיט אומקום!
— ווינטן צאָרענען!
דיין מאַזל וויגט זיך ווי אַף צוויי שאָלן פון אַ וואָג:
אָט — פרייד און אָט — קלאָג!
אָט — קלאָג און אָט פרייד!
קלייב אויס!
באַשייד!
אָדער דו גייסט אויס —
ווי אין אַ לאָך אַ מויז,

אָדער דו גייסט מיט מיר אַנטקעגן
די פינצטערסטע געפאַרן אַף די וועגן,
און נעמסט דיין גורל פאַר די לייצעס אין די הענט —
און זעגלסט צום גאָלדענעם באַגינען
פון דיין געבאַלעמטער דערקענטעניש.

אַמאָל באַלעמט זיך דיר, דו זעסט —
ווי אַ געדירטער פון זינען
לויפט אַרום איבער די גאַסן
דיין צעשראָקענער געוויסן,
און ווי אַ שטאָט־מעשוגענער —
וואָס האָט פּלוצים איבערגעריסן דאָס שפּיזלדיקע געוועב
פון העלזעערישע האַלוצינאַציעס
און דער ערשטער אין שלאָף דערזען —
די דולע שיין פון דער סרייפע באַנאַכט.

לויפט ער אַרום מיט פאַרבראָכענע הענט
מיט פאַרשטיקטן צאַר אין קאָל.
און שרייט:
— מענטש, וואַך אויף!
עס ברענען שוין די ווענט פון דער וועלט!
מענטש,
נעם דיין גורל פאַר די לייצעס אין די הענט!
— עס ברענען שוין די ווענט פון דער וועלט!
די ווענט פון דער וועלט!
די ווענט פון דער וועלט!
און דיין גורל איז איינגעשטעלט!
איינגעשטעלט ! !
איינגעשטעלט ! ! ! . . .
— — — — — — —
— — — — — — —
— — — — — — —
— — — — — — —

# און אזוי קעסיידער

אָ, בלענדנדיקע נאקעטקייט, פון פינצטערער וואָר,
מיט דער צוקונפט טרייסט זיך דער באטריבטער בליק,
און נייע לוכעס קריצט א יעדער נייער דאָר
אַף בלוטנדיק געמיט — זיין אויסגעכאָלעמט גליק.

ווי קוילן גליען אייביק ליסטיק שלאַנגענרייד
און אומעטום בליט פרעך ווי קראָפּיווע פארראט,
און לויערט מיט געפאר פון שארפער שווערד אין שייד
וואָס פארמעסט זיך אין דער פינצטער אַף יעדן העלן טאט.

און אייביק מיט נישטגעשטילטן דורשט נאָך גליק
הערט נישט אויף דאָס לעבן פרייד מיט סאם צו מישן. —
און זוכט און ווערט געשטרויכלט און שטאמלט דורך די ליידן:
די פארגאנגעהייט — איז בלויז יערושע־לאַסט פון אָדאָם האָרישן,
די געגנווארט — א לייטער, א קישעפדיקע בריק,
און די צוקונפט — א האָפנונג צו געווינען דעם געכאָלעמטן גאניידן.

# לויטערע פארנאַכטן

ווי אין כאָלעם אַף גומענע אַקסן —
וויגט זיך אין דרימל די ערד.
און סע האָבן פאַרלאָזן זיך וואַקסן —
די ביימער אין וואַלד — גרינע בערד.

פאַרנאַכט, מיט דעם אָוונט דעם קילן —
נידערט אַ שטילקייט אַראָפּ.
עס זעגן בלויז שלאָפלאָזע גרילן —
און דולן, און דולן — אַ קאָפּ.

די בערג ווי אַ קייט אין די הויכן —
קייטלען זיך שטאַרקער אינאייינעם.
זיי פּיפּקען מיט נעפּלען ווי רויכן —
די אייביקע פרידלעכע שכיינעם.

אַף פעלדער — פונקען ווי שטערן.
די פליגן צעלייגן אַ פייער.
און דער וואָס קען הערן וועט הערן:
ווי עס זינגט שוין די שעפּע אין שייער.

# שטורעם

אמאָל איז געגאַנגען,
אמאָל איז געגאַנגען,
אמאָל איז געגאַנגען
— אַ רעגן!

איז אים געקומען,
איז אים געקומען,
איז אים געקומען
אנטקעגן
אַ וו־וו־וו־וו־ינט !

גייען זיי ביידע,
גייען זיי ביידע,
גייען זיי ביידע
געאָרעמט אױף וועגן
— אַצינד!

בלאָזט זיך דער ווינט:
— אַליין
היים איך וו־וו־וו־ינט!

פליסטערט דער רעגן:
אליין —
הײם איך רעגן.

ליארעמען בײדע,
טומלען זיך בײדע,
— װי הײסן מיר בײדע אינײנעם?

שנײדט דורך די נאכט
א בליץ װי א מעסער.
עס זעט אױם דער הימל —
פארהילט װי אין פלאמען.

דער טומל װערט גרעסער!
דער ליארעם װערט גרעסער!
און עס ענטפערט א דונער:
מיר הײסן!
מיר הײסן!
מיר הײסן אינאײנעם!
מיר הײסן אינאײנעם:

**שטורעם!**

## זומערטאָג — ניוענגלאנד

אין שאָטן פון אַן אַלטן קאַרשנבוים
זיצן צוויי שוועסטער
און זוכן שוץ פון ברענענדיקער טאַמעז־זון.

די אינגערע האָט ברוינע האָר געמישט מיט גרוי
און העפט אַף ווייסן זייד:
אַ בוים אין שפּעטן האַרבסט —
וואָס טרערט מיט געלע בלעטער.
און זי טראַכט פון אירע יאָרן,
וואָס זיינען אַוועק אָן ליבע און אָן גליק.

די עלטערע — מיט אַ פּאָנעם ווי געל־צעקנייטשטער פּאַרמעט —
לייענט די ביבל.
(דורך אַ מאָנאָקל מיט טרערנדיקע אויגן)
איר, טויט שווין אַף גאָרנישט ניט פּאַראיבל.
ווי בלויע בייטשן שלענגלען זיך די אָדערן אַף אירע הענט.
די זון וועבט אַרום איר קאָפּ אַ קראַנץ פון רו.
זי טראַכט פון טויט . . .
פון גאַניידן . . .
ווי איינע כאָלעמט פון אַ לאַנג־געגאַרטן ראַנדעוואו . . .

און צופוסנס בײַ ביידן —
ליגט אַ הונט אַף אַלע פיר זיך אויסגעצויגן,
און שטעקט אַ צונג אַרויס דעם ציינישן הימל . . .

# שיקערע ערד

די זון פארגייט — א בלוטיקער מאראנץ
לאָזט לאַנגזאַם זיך אראָפּ — אין מארעוו־זייט:
א ווינט באוועגט די ביימער ווי צום טאַנץ,
ווי מעסערשאַרפן בלאַנקט דאָס טייכל פון דער ווייט.

א ציטערדיקע רו נעמט פליסן ווי פון קוואַלן.
עס ליגט פון פרייד צעשפּרייט א שיקערע די ערד.
א פינצטערער געברום שטייגט אויף אין פייכטע שטאַלן,
פון זאטע, פעטע קי, און שלאַנקע, הייסע פערד.

ביז סע שליסט די אויגן צו דער שטארבנדיקער טאָג.
איילן פייגל זיך אהיים, פארשפּעטיקטע, אין פאָרן.
זשאבעס קוואקען אויס א ליבע־דיאַלאָג,
און פייער־פליגן ברענען פון גלוסט ווי מעטעאָרן.

דער הימל ווערט באשפּרינקלט מיט א פייערדיקן שטויב.
די לעוואָנע שווימט ארום ווי א ברענענדיקער קאם:
און מיט דער פינצטערניש שטייגט אויף אי שרעק, אי לוסט נאָך רויב,
און דאָס בלוט נעמט זינגען הייס מיט אור־טאַיווע פון שטאַם.

# אַקאַציע־בוים

לעצטע גאָלדענע פּוסטריט —
אַפן מיזראָך־זוים פון הימל,
און ס'צאַנקט די זון —
און ווערט פאַרלאָשן ווי אַ שייטער.
אַף ווינט־פליגל —
מיט אַ קילן אָטעם, קומט אָן דער זומער־אָוונט
און צינדט אָן שטערן אינם הימל — גרויס ווי פּייערדיקע עפּל.

פאַרגליווערטע שטייען שטום די בערג,
די קעפּ פאַרהילט אין ליכטן נעפּל,
און קוקן אַף די פעלדער וואָס ליגן זאַטיק־פויל און אָפּגעדראָשן.
און פאַר מיין הויז —
הייבט אָן דער אַקאַציע בוים מיט זיינע טונקעלע צווייגן
צו רוישן און צו פּלאַפּלען אַף זיין בוימיש לאָשן.

# גאָב

ווי אַ רייכער סויכער —
האָט דער טאָג זיך אָפּגעטראָטן פון דעם זוניקן יאַריד
אַרויסבאַגלייט מיט רויש פון ווינט און פּייפּנדיקע גרילן:
און עס האָט די נאַכט אַראָפּגענידערט —
מיט ווייכע, קילנדיקע טריט.
און מיט אַ יונגער לעוואָנע אַפן האַרצן —
ווי אַ פּייערדיקער שניט.

פעלדער גראָזיקע האָבן געמומען ציטערן מיט לויב מיט שמילן,
אוןביימער אין די וועלדער —
האָבן לייכט פאַרנייגט זיך און געקניט:
פאַר שעפעדיקער גאָב, פאַר זון און רעגן וואָס האָט זיי צעבליט.

און ס'האָט אַ קוואַל פון דאַנקבאַרקייט
געמומען שלאָגן אויך אין מיין געמיט.

# לאַמענט

קילע, מעלאַנכאָלישע פאַרנאַכטן,
דורך דער וועלט גייט אום דער האַרבסט מיט ווינטן און מיט פלאַמען,
— פון בליק — ווערט פיינלעך דעם געדאַנק צו טראַכטן:
דיביימער וועלן באַלד שוין נאַקעט בלייבן ביז די שטאַמען.

און נעמען טאַנצן באַלד מיט הענט צו טויבע רוימען.
באַקלאָגן זיך אויף וואָס און בלייבן נישט געהערטע:
עס טרייסלט אַפּ א ווינט די לעצטע עפּל און די לעצטע פלוימען,
און עס ליגט העפקער שוין די ערד פון איבער־רייפקייט א פאַרצערטע.

ווי א לאַמענט קלינגט אַפּ דער נאַכט־גערויש פון ווייטע יאַמען.
עס קלאָגט און בייזערט זיך, און קושט מיט שוים די ברעגן:
דורך דער וועלט גייט אום דער האַרבסט מיט ווינטן און מיט פלאַמען,
און סע שמעקט שוין האַרב די לופט מיט וואָלקנס און מיט רעגן.

# געזאַנג

איך שוועב
לייכט
ווי אין כאָלעם.
ווי אַ נאַכטוואַנדלער
מיט ווינטיקע טריט
איבער שטאָטישע גאַסן.
און באַנעם מיט שיקערן נעפל אין די אויגן
דעם אומרואיקן דרימל אַף שטאָטישע שויבן.

סינעמט טאָגן!

לאַמטערנס הויכן אויס דעם לעצטן אָטעם אַף די ראָגן,
די מויערן טוליען זיך שוין איינער צום צווייטן
(אין פרימאָרגנס קילן שויס)
ווי דרימלענדיקע פי אין ציטער פון קעלט.

דער טאָג איז שוין אין קנאָספיקן שלומער פון ערעוו־צעבלי.
די זון צעבליט זיך — אַ פלאַמענדיקע רויז.

עס פאַרשווינדן גאַסן.
עס פאַרשווינדט דיין הויז.

איך שפאַן און שפאַן און שפאַן.

## פון אומעטום

אַ טרויער־ליד אָן ווערטער איז אין מיין בלוט פאַראַן.
אַ טרויער־ליד פון צעשייד.
פון נאָגנדיקן באַזונדער —
וואָס איז אייביק ווי דער צויבער פון אוראַלטן וואונדער —
נאָענטקייט פון צוויי.

דיינע צערטלעכקייטן גייען אויף אַצינד פאַר מיר
ווי טונקעלע נישטפאַרשטענדלעכע צייכנס —
וואָס בלויז מיין בלוט קען לייענען.

איך גיי און בויג זיך
אונטער לאַסט פון פרייד —
ביז צו וויינען.

איך גיי און בויג זיך
אין צעשייד —
מיט שיקערן נעפל אין די אויגן — **מיין זינגענדיקע פרייד.**
וואָס איז צופיל!
צופיל פאַר
א י י ן
מענטשן צו טראָגן ! . . .

# זאַלבאַצווײ

נאַכט און פינצטערניש — מיר שפּאַנען זאַלבאַצווײ.
איך און דו — צוויי שאָטנס אין דער נאַכט.
שטילקייט פאַלט שטילער נאָך פון שניי.
און יעדער אָטעם־צוג איז אַ דערשטיקט געשריי.
און זאַפּט און ביימער רינט און רינט און רינט,
ווי בלוט אין אָדערן — פון רער אין רער דורך רער.
פון אויבן הענגט אַ הימל — ווי פון טינט,
און אַן איינציקער שטערן — ווי אַ פייערדיקע טרער.
נאָר פון דער פינצטערניש גייט אויף און לויערט ווי אַ שלאַנג
אַ פּאָרכטיקע לעוואָנע — איבער בוים און גראָז.
מיר טרעטןביידע אויף צעשטויסן גלאָז,
מיט הערצער צוויי, צוויי אָדלער אין געפאַנג —
וואָס רייסן זיך און רייסן זיך פון שטיינ.
און ווערטער בלוטיקן און וואַרגן און בלייבן שטיין אין האַלדז. — —
איך דריק דיין האַנט און שווייג, און שווייג, און שווייג ! ! !

— און אויגן טרעפן אויגן — פולע טייכלעך זאַלץ.
און בליק פאַרטרויט אין בליק וואָס סע קענען נישט קיין רייד.

און שטילקייט פאַלט שטילער נאָך פון שניי.
און יעדער אָטעם־צוג איז אַ פאַרשטיקט געשריי.
און ס׳בליט בלוטיק אויף אין טרויער אונדזער בלוטיקער באַשייד.
און עס שפּרייט די נאַכט, צעשפּרייט, פאַרשפּרייט אַ שווינדלענדיקע
בריק:
פאַרויס — געפאַר. פון הינטן—לויער. און שטומע שרעק—אין מיט.
— מיר איז אַלצאיינס! נאָר ווער, אָ ווער, וועט היטן דיינע
וואַקלדיקע טריט?
ווען זיג איז דורכפאַל. ווען דורכפאַל איז זיג. און ביידע — אומגליק.
און ביידע — גליק.

# וואונדערלעך און טראַגיש

וואונדערלעך און טראגיש ווי דער גורל פון מיין שטאם,
ביזטו, אַ טאָכטער פון מיין פאָלק, מיט אַגרעס־גרינע אויגן!
נאָר וויפל מאָל האָב איך מיט שטאָלץ געטרונקען פון דיין גלייכגילט — סאַם,
און וויפל מאָל האָב איך אין שטומען צאַר מיין קאָפּ אַראָפּגעבויגן.

ווען דו מיט נישטפאַרשטענדלעכקייט פון וואונדער אין די אויגן —
גאַפסט און ווערסט פאַרקישעפט פון שפּרוך, פון קלאַנג פון לידער.
נאָר באַשייד פון אייגענע ווערטער בלייבט פאַר דיר אין נעפּל פאַרצויגן —
ווען ווערטער פון אַ פרעמדער שפראַך קלינגען אייגן דיר ווי ברידער.

אַ, גרויזאַמער גורל פון מיין פאָלק, אַ, טראַגישער גאַנג פון געשיכטע,
נישטאָ קיין שטראָף, קיין גרעסערע צו ראַנגלען זיך מיט גורל ווי קיכאָט,
און לייענען לידער פאַר אַ דולציניע — אין בלוט געבאָוועטע ווערטער!
וואָס ווערן מיט יונגן בלי פון שפראַך — ווי אויפגעריכטע.
און אייגן בלוט זאָל הערן, און נישט פאַרשטיין, — און האָבן
בלויז פאַר דיר גענאָד —
ווען דו ליגסט באַם קוואַל פון שפראַך—אַן אויסגעשעפּטער און פאַרצערטער.

# סואווענير

ס׳וועט אַלץ אַוועק. ס׳וועט אַלץ פאַריבער.
און שמייכלען וועט דיין ז י ג דיר אין זיקאָרן:
— אַ מאַן אַ פאַרכאַלעמטער, ווי אַן אָסיען־טאָג אַ טריבער
איז געקומען, געזען זיך און אַוועקגעפאָרן.

— און גאָרנישט האָט ער דיר געזאָגט! מיט שטומען שווייגן
האָט טיפער צאַר זיין מויל מיט שטאָלץ פאַרזיגלט.
נאָר אָפן ווי די זון אין פרילינגדיקע צווייגן
האָט טאָמער אין זיינע אויגן אַ טרויער זיך געשפּיגלט.

ווי אַנדערע געקומען. ווי אַנדערע זיך באַנעגנט.
ווי נאָך יעדער באַגעגעניש — געקומען איז דאָס שיידן.
נאָר, פאַרוואָס, ווען ער האָט זיך מיט דיר געזעגנט —
האָט ער געשטאַמלט ווי אַ קינד וואָס לערנט זיך ערשט ריידן?
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז אַלץ אַוועק. ס׳איז אַלץ פאַריבער.
און טריבער טאָג האָט היינט דערמאָנט דיך וואָס דו האָסט פאַרלוירן.
און איצט, אין האַרבסט, ווען וועלדער ציטערן אין פלאַמענדיקן פיבער,
טוט דיר באַנג אַף וואָס דו האָסט אַף אייביק אָנגעוואוירן . . .

# ווי אין ווינט אַ זעגל

שפּעטע מיטנאַכט שאָען טרעפן מיך אַליין אָן דיר.
דאָס צעשיידן זיך — איז קענן אונדזער ווילן.
דער ווינט הערט דעמאָלט אויף שוין וויגן —
מיט אַ קילן פּאַרטאָגיקן ניגן
די צעשויבערטע קעפּ פון די גרינע ביימער.

נאָר מיד פון מאָנאָטאָניקייט זעגן נאָך האַלב־שלעפעריק די גרילן.
און די ערד ליגט צעשפּרייט מיט איר רייף־צעכראַסטעט לייב.
פייגל — פּאָשעטע, ערלעכע דאָרפס־זינגער,
האָבן זיך פון שלאָף שוין אויפגעהויבן,
און טשירפּן שוין און גרייטן זיך צו פרימאָרגן געזאַנג,
(מיט דאַנק — די וועלט צו באַגריסן און צו לויבן).

אַ בלאַסער פלעק פון מאָרגנשיין פאַלט ווי אַ שמעטערלינג —
פאַרבאַלעשט צו אַף מיינע שויבן:
און טרעפט מיך אין פלאַטער פון בענקענדיקן אומרו —
ווי אין ווינט אַ זעגל.

עם גאַלאָפּירט מיין מינדסטער טראָפּן־בלוט —
פון קאָפּ ביז צו די נעגל.

— אָ דו, מיין דרייאייניקייט: קינד, מיידל און ווייב,
אָ דו!
— מיט וויפל ציטער פון געפאַר
האָסטו ערשט געפלאַטערט אין מיינע הענט!
איצט ליג איך וואך און הער ווי פון א זייגער —
מיין האַרצנס ריטמיש קלאַפּן.
טראַכטנדיק פון דיר —
ווערט מיר שווער דעם אָטעם כאַפּן.
— און סע ברענט אַ דולער דורשט
מיינע שיקערע פינגער . . .

# יאַגד

דורך דעם קליינעם שמאָלן פענצטער פון דיין הויז
(וואו דו שלאָפסט),
צענעמט דער ווינט די פאָרהאַנגען,
שפּאַצירט אַריין און אַרום —
און פאַרטשעפּעט זיך אין דיינע האָר.
די נאַכט וועבט קישעף־שלייערן און זיידענע וואָלקן
פון זילבערנע שטראַלן.
און שמעקט מיט טוי,
מיט פעלד,
מיט פרישגעשניטן היי —
ווי דיין יונג־מיידלשער אָטעם.

ליגסט האַלב אין דרימל
און דיינע אויגן האַלב אָפן
זעען אוים אַצינד —
ווי שמאָל־געשניטענע מאַנדלען.

דורך דעם קליינעם, שמאָלן פענצטער —
(וואו דו שלאָפסט),
ווי דורך אַ שפּאַרונע,
גאַנוועט זיך אַריין צו דיר די לעוואָנע.
און לייגט אַוועק זיך שטיל —
ווי אַ קאַץ, צופוסנס, אַפן דיל.

אַף די ווענט צעבליט זיך שאָטנדיק אַ וואַלד.
און ס׳קריכן אום אַף אויסגעדוכטע צווייגן —
אויסגעטראַכטע כאַיעס מיט געפאַר פון שווייגן.
דו נורעסט זיך נאָך טיפער איין אין זיך אַליין.
נאַר ביז וואַנען דו שלאָפסט איין —
וואַך איך אַף דיין געלעגער.

עס דוכט מיר אויס,אַט ברעכסטו אויס אין אַ געוויין.
איך ציטער אויף.
עס טרייסלט אָפּ פון מיינע אויגן —
די שרעק — דעם מינדסטן שפּור פון שלאָף.
אַ שטערן — ווי אַ פייערדיקע פלעדערמויז — טוט אַ ציטער —
און איז פון הימל אַף דער ערד אַראָפּגעפלויגן.
אַף אַקסלען נעמט זינקען שווער דער אייגענער קאָפּ.
קאַלירטע רינגען דרייען זיך און שווינדלען פאַר די אויגן —
גיך־גיך, גיך־גיך, גיך־גיך — ווי אין אַ קאַליידעסקאָפּ.
ביז דו ווערסט פּלוצים אַ קליינטשיק מיידעלע,
און איך אַ גאַלאָפּירנדיקער יעגער —
אַף געהיימניספולע שטרעקעס פון אַ העל־צעגליטן לאַנד.

איך יאָג און יאָג און יאָג זיך נאָך נאָך דיר.
אָט שטרעק איך אויס אַ האַנט — און כאַפּ דיך.
ביזט געפאַנגען!
מיין האַרץ הייבט אָן צו קלאַפּן.
איך דריק דיך צו ווי מיט צוואַנגען . . .

נאָר פּלוצים — ווי דורך אַ שפּרונג —
דרייסטו זיך לייכט ווי אַ רויך
אַרויס פון מיינע הענט, און לויפסט ווייטער.
איך יאָג און יאָג און יאָג זיך נאָך נאָך דיר אַ מידער.
איך פאַל אין אָפּגרונטן.
איך הייב זיך אויף —
און פאַל ווידער.
דער מויעך ברענט.
דאָס האַרץ הערט נישט אויף צו קלאַפּן.
סע ווערט איין געמיש:
הויך
און
נידער.

באַרג
און
טאָל.

## פון אומעטום

איך רוף דיין נאָמען אין געבעט מיט אַ פאַרשטיקטן קאָל.

עס נעמט מיך שווידערן —
געפאַר פון שווייגנדיקן וואַלד אַף ווענט.
איך שטרעק ווידער, אין פינצטערניש, ביז ווייטיק אוים די הענט.
— נאָר כאַפּן קען איך דיך נישט!

איך —
קען —
דיך —
נישט —
כאַפּן . . . —
— — — — —
— — — — —
— — — — —

## באַריר נישט

דאָרט — וואו ס'איז אמאָל געווען
די פריידיקע שעפע
פון פאָראויס באַשטימטן ציל:
נעם איך נישט אָן
די קיצווע — .
פון בלינדן צופאַל!

באַריר נישט מיטן מינדסטן באַריר,
אפילע נישט מיט שאָטן פון וואָרט,
וואָס הויערט אַף דורשטיקער ליפּ
די פאַרכאַלעשטע וואָר!

זע—
ווי וואַסער דורך אַ זיפּ.
ווי זאַמד — דורך אַ פאַרקלעמטער האַנט:
איז אויסגערונען ביז לעצטן טראָפּן פרייד —
דער כאָלעם
פון שיקערן יאָר!

פאַרבליבן איז בלויז ווי אַן אייביקע דערמאָנונג
אין מיין זיקאָרן:
דער טרויער —
(דענקמאָל אין מיין זינען)
וואָס שטייט ווי אַ צווישנשייד
צווישן מיר און דער שטאָט —
וואו איך וואָלט רו געקאָנט געפינען!

נאָר איך האָב זיך אָנפאַרטרויט —
דעם אומפאַרמייד פון הארבן גורל.
כ'האָב אָנגענומען שטרענגן גזאַר פון טרויעריקן צעשייד.
און כ'זאָג דיר אָפן:
דאָרט — וואו ס'איז אַמאָל געווען
די פרייד —
פון פאָראויס באַשטימטן ציל:
נעם איך נישט אָן
די קיצווע —
פון בלינדן צופאַל!

# באַלאַדע

— און נאַכט נאָך נאַכט ווען זי פלעג ליגן בא זיין זייט
און אומרואיק זיך ווארפן ווי א שלאַנג,
איז ער געשלאָפן און נישט געוואוסט ווי ווייט
זי איז פון אים געווען — אין איר געדאַנק.

און נישט געוואוסט ווי ס'האָט דער רויש פון אומרואיקן יאַם
איר האַרץ פון בעט געהויבן און איר די פיס באַשווערט,
ווי די נאַכט פלעג זי פאַרוואַנדלען אין א פייערדיקן פלאַם —
ווען וואַך ווי די לעוואָנע איז זי געלעגן און געהערט — — —

דעם אומרו אין איר האַרץ. דאָס שלאָגן פון איר בלוט.
דעם אָטעם פון איר מאַן — זיין הויב־און־פאַל פון ברוסט:
ביז צעפלאַקערט האָט די קינע אין איר האַרצן זיך מיט גלוט —
אַף דעם מענטשן בא איר זייט, וואָס האָט פון קיין זאַך נישט געוואוסט.

וואָס איז געשלאָפן און נישט געוואוסט, אַז אַ צווישנשייד פון אַ העמד
קען אָפּטמאָל מער צעשיידן — ווי די צווישנשייד פון אַ וואַנט.
אַז אַף פּוך פון קישן וואַכט גאָר דער גוף אַמאָל פאַרשעמט,
ווען ערגעץ אַנדערש וואָלט געגוג געווען צוקאָפּנס בלויז אַ האַנט.

ווען ערגעץ אַנדערש וואָלט איר גוט געווען צו זיין אַצינד אַ שיף,
פאַראַנקערט מיט איר ווילן אין דעם קלאַמער פון אַ ברעג.
און ליב וואָלט דאָרט געווען איר די שעפּעדיקע טריף —
פון היים־אַטעמדיקע נעכט און זינגענדיקע טעג.

אַזוי איז זי געווען ווי אַ שיף דאָ אָן אַ מאַסט.
ווי שוואַרצע, ריפּע ערד אומבאַרירט פון אַקערס טראָט.
און געטראָגן האָט זי פאָרכטיק איר גוירל־קרייץ פון לאַסט —
ווי איינער טראָגט אום הייליק אַן אָנפאַרטרויטן סאָד.

ביז איינמאָל אַ באַנאַכט — איז זי אַליין אין איר העמד,
פאַרקישעפּט ווי אין וואַנדל, צום נאָענטן יאַם אַרויס:
זיך אָפּגעגעבן דער טיף האַלב־מיידלש און פאַרשעמט —
און אויף אייביק זיך געזעגנט מיט אייגן־פרעמדן הויז . . .

— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
— — — — — —
— — — — —
—

# אַז מע דערמאָנט זיך

איך בין זיך מוידע:
אז זעלטן קומסטו מיר שוין אפן זינען.
און טראַכט איך וועגן פון דיר —
איז (מערסטנס) פונקט ווי מען דערמאָנט זיך
אָן אַ געליבטער העלדן פון אַ בוך.
צווישן שרייבן לידער
און אויף ברויט פאַרדינען —
קאָן איך זעלטן זיך די צייט פאַרגינען
דיר צו שרייבן בריוו.

איך האָף דו וועסט מיין אָפּנהאַרציקייט פאַרגיבן.
נאָך אַלעמען (דוכט מיר אָפּט) בין איך דאָך נישט געוועזן
פאַר דיר מערער — ווי אַ שטאָפּל —
איין שטאָפּל בלויז — אין דיין לייטער פון דערפאָלג.

— און טאַקע, וואָס בין איך מישטיינס געזאָגט,
אין פאַרגלייך מיט דיין . . . נו, לאָמיר רופן אים — פאַרערער, —
דעם רייכן הויזן־פאַבריקאַנט,
וואָס טראָגט דימענטן אויף יעדן פינגער פון דער האַנט —
און רעדן — רעדט ער מיט זיכערקייט.
(ער רעדט אַסאַך.)
ער רעדט טאָמעד דרייסט און הויך.
ווי ער וואָלט מוירע געהאַט —
עס זאָל כאָלילע נישט פאַר איינעמס אויערן —
אַ פּערל פון זיין „וויזהייט" גיין פאַרלוירן.

איך דערמאָן זיך:
ווי בייז ער פלעג דאָס זיין —
ווען ער פלעג טרעפן מיך פון אָוונט אין דיין הויז.

ער פלעג דיך גלעטן
(ווי אַף צעלאָכעס מיר)
און כויזעקן פון די „פּאָיעטן"
אַף מיין כעשבן.

איך האָב אים קיינמאָל נישט קיין וואָרט געענטפערט.
ער איז גערעכט געווען.
— קיין עבטע לידער טראָגט מען נישט ארום
ווי דימענטן אַף פינגער —
עס זאָל די וועלט זיי שאַצן . . .

מער נישט —
אַ יעדער איינער ברענגט דאָך מיט זיין אייגן מאַזל אַף דער וועלט.

איז ווען ס'איז באַשערט: —
דורך כווזעק ווי פּאַיאַצן
אין געלעכטער פּלאַצן — ביז געוויין.
און ווען — דורכגיין דאָס לעבן ווי אַ טאַנץ,
דעם קאָפּ פאַררײסן.
און סע זאָל קיין קנייטשל, קיין שאָטן פון קיין טרויער —
נישט אַוועקלייגן זיך אַף זיין געמיט.

און ווען ס'איז באַשערט דאָס לעבן אָפּוויסטן —
אין איינזאַמקייט מיט וואָרט.
און אייביק טראָגן ווי אַ קרייץ — דאָס גורל פון ליד —
און מיט דעם נישט קענען שיידן זיך:
ווי עס קען אַ הויקער זיך נישט שיידן מיט זיין מום . . .

— זאָל זיין גענוג!
(דאָס בריוול וועט צו לאַנג.)
מער נישט — איך וויל דיר מיטטיילן

ווי אָפטמאָל דוכט מיר אוים,
אַז דאָס אַלץ האָט נישט מיט מיר —
נאָר מיט אַ צווייטן גאָר געטראָפן,
וואָס האָט מיר וועגן דעם דערציילט — — — —

און אויב מיט מיר —
איז דאָס פאַרלאָפן
שוין מיט יאָרן, יאָרן צוריק.
ווייל אַלצדינג זעט מיר אוים שוין ווייט —
און פאַרצויגן ווי מיט אַ נעפּל
(כאָטש לויט דעם לואַך)
ווייס איך — אַז דאָס געוועזן איז —
מיט אַ יאָר —
מיט איין יאָר בלויז צוריק.

מעג פיינלעך זיין דער עמעס.
די צייט אָבער, די אייביק גוטע צייט,
אין שפּאַן פון גאַלאָפּירנדיקע יאָרן,
פאַרצירעוועט פאָרט די דינסטע וואונדן.
פאַרגלעט . . . און פאַרנעפּלט דעם זיקאָרן.
און דאָך — ווי קלאָר איך געדענק —
ווי אַלץ וואָלט אָט די רעגע ערשט געטראָפן:
ווי איך וואָלט זיך ערשט היינט מיט דיר געזעגנט . . .

אין דרויסן האָט גערעגנט.
דער הימל (ווי באַשטעלט פאַר אונזערע געמיטער) איז געווען אַ גרויער,
און אַף דיין פּאָנעם איז געווען פאַרשפּרייט אַ דין געוועב פון טרויער—
וואָס איך האָב קיינמאָל פריער ניט געזען.
און וויפל מאָל מיין בליק האָט זיך מיט דיינעם אָנבאַגעגנט —
האָסטו אַף שנעל די אויגן אָפּגעקערט —
כ׳זאָל נישט באַמערקן אין דיין אויג אַ טרער.
(ווייזט אוים אַז טיפער ווי — שלאָגט אויך באַ די שטאָלצסטע
פון דעם זעלבן קוואַל . . . )
און אַפילע דיין „פאַרערער" געדענק איך:
איז גוט און העפלעך יענעם טאָג צו מיר געווען,
און וואַרעם זיך מיט מיר געזעגנט.

זאָל זיין געזונט!
דאָס בריוול איז שוין טאַקע אַף אַן עמעס לאַנג!
— און האָב איך ווי געטאָן דיר מיט אַ וואָרט —
פאַרגיב! . . .
— איך בין זיך מוידע:
אַז זעלטן קומסטו מיר שוין אַפן זינען.
און טראַכט איך ווען פון דיר —
איז (מערסטנס) פונקט ווי מען דערמאָנט זיך
אָן אַ געליבטער העלדן פון אַ בוך.
— נאָר ס׳טרעפט אַמאָל (ווי היינט)
ווען דער זיקאָרן לייגט אַוועק די האַנט מיר אַפן האַרצן.
און די פאַרגאַנגענהייט טויכט אויף אין מיר —
און פאַרפאָלגט מיך
ווי אַ רעפריין פון אַ וואונדערלעך ליד.

דעמאָלט ביזטו דער ווינט אין פינצטערניש פון וואַלד,
וואָס גייט דורך ווי אַ פריידיקער ציטער דורך מיין געמיט.
און ווי אין אַ פינצטער הויז —
ווען ס'באַווייזט זיך פּלוצים — ליכט
צעפלאַקערן זיך טליענדיקע פייערלעך אין מיינע אויגן.
עס לויכט אויף אַ נייע פרייד אַף מיין געזיכט —
ווען איך דערמאָן זיך בלויז אָן דיר —
ווען איך דערמאָן זיך בלויז אָן דיר —
ווי היינט . . .

# באַלאַדע אין גרוי

ער איז געוואָרן שווייגנדיקער מיט לויף פון יאָרן.
ווי אַ קאַמצן, גאָלדשטיק, געקארגט אַ וואָרט.
ווי איינער וואָס האָט פּלוצים אַ ליכטיקן זין אָנגעוואוירן —
ווי איינער וואָס צערטלט אַ פאַרטראַכטן געדאַנק פון מאָרד.
אַזוי איז ער אין אייגן הויז אַ שאָטן אומגעגאַנגען,
מיט אומעט אין די אויגן ווי פינצטערע געזאַנגען,
וואָס דער ווינט ברענגט צו טראָגן — אין אַ הארבסטיקן באַגינען.
און די, וואָס האָט אַמנאָענטסטן באַדאַרפט אים ווערן,
און די, מיט וועמען ער האָט יאָרנלאַנג זיין בעט און ברויט געטיילט,
— פאַוואָס האָט זי, גראַד זי, דער מאַזל אויסדערוויילט,
אַז זי זאָל זיין דער זיסער סאַם אים צו פאַרצערן!
אַז זי, גראַד זי, זאָל פון אונטער זיינע פיס די לעצטע לייטער
אַפּירשלעפּן, מיט אַ שמייכל אויף די מיט־פיין־פאַרקרומטע ליפּן.
— אַז ער זאָל פאַלן אין שטויב אַן אויסגעשפּרייטער
אויף שאַרף פון גוירל, ווי אַ צעהאַקטע שלאַנג, אין לעצטן שיפּן!
און טראָגן זאָל ער אין שטומער איינזאַמקייט, ווי אַ זיגל,
אין שטאָלצער אומבאַהאָלפנקייט, זיין לעבן — זיין דורכפאַל.
ביז ער איז טויב און בלינד געוואָרן צום רעג און רוף פון פליגל,
און אויסגעמיטן מיט פאַרזיכט, ווי אין שרעק פאַר בלינדן צופאַל,
ער זאָל נישט אַ קוק טאָן אין אייגן האַרץ, ווי ס'מיידט אויס אין
אַ שפּיגל —

## פון אומעטום

א מענטש, זיין אייגן פּנעם — דאָס פאַרברענטע.

נאָר ווי געזאָגט: ער איז געוואָרן שווייגנדיקער מיטן לויף פון יאָרן.
ווי א קאמצן, גאָלדשטיק, געקארגט א וואָרט.
ווי איינער וואָס צערטלט א פארטראכטן געדאנק פון מאָרד,
(נישט ווילנדיק) אז ער איז לאנג, שוין לאנג באגאנגען געוואָרן.

## פאַרוואורף

כ׳נעם אָן די פאַרוואורפן, כ׳בין אומגערעכט!
נאָך וואָס אָבער דאָס מונטערן פאַרכאַלעשטע פרייד פון נעכט,
וואָס איז אוועק מיט רויך פון ברענענדיקע יאָרן —
און איבערגעלאָזט אַ טשאַד בלויז אין זיקאָרן.

— פאַרוואָס די מוירע, מוטיק קוקן אין די אויגן —
דער וואָר, וואָס האַלט נאָך פריש דעם שטריק פאַרצויגן
אַפן האַלדז פון בליענדיקן צאַר!
— נאָך וואָס דאָס שפּילן קלוגערהייט דעם נאַר,
און זעענדיקערהייט זיך מאַכן בלינד!
ווען דורך די געמיטער ציט שוין לאַנג אַ רויער ווינט
ווי דורך אַ וואַלד, אין שפּעטן האַרבסט, אַ נעפּלדיק געוויין!
— אָ, ווי פיינלעך ווען דאָס גאָלד פון זומער ליגט ווי מיסט אַף דר׳ערד!
ווי פיינלעך! — ווען יעדער וואָרט טרעפט ווי אַ שווערד —
מיט שאַרף פון אָפנהאַרציקייט — ביז טיף פון ביין!

איך ווײס: דער עמעס פון די רייד מײנע וועט דיר קײן טרייסט
נישט ברענגען,
ווי דער טרויער אין הארבסט, וואָס בלײבט הענגען
אויף שפּיץ פון ביימער, ברענגט קיין טרייסט נישט פאַר די
הוילע צווייגן.
וואָלט בעסער שוין געווען ווען איך זאָל שווייגן, שווייגן, שווייגן.
און מיט קײן וואָרט נישט צורירן זיך צו דער נעסט פון דרימלענדיקע
וואונדן!
— עס זענען פאַרט אַמאָל געווען טעג און נעכט און שטונדן —
וואָס האָבן געלויכטן מיט דער פרייד פון שלאַנגדיקע קוואַלן!

אַ, פרייד פון לאַנג פאַרשוואונדענע ריטואַלן!
אַ, פּיין פון געדענקעניש וואָס גליטשט זיך ווי אַ מעסער —
דורך דעם הויקער פון זיכרוינעס—וואָס צעוואַקסט זיך גרעסער,גרעסער,
און פילט דאָס הארץ אָן מיט כאראַטע ביזן אויג פון ראַנד!

איך ווײס: ווען סיי־ווי־סיי מיין נאָמען אייביק פאָרן מיט דעם
אומגערעכטן,
ווי מיך וועט אייביק ציען צו קיכאַטישע געפעכטן
באַ בלויע האָריזאָנטן — פון מיין אויסגעבכאַלעמט לאַנד! . . .

# נאָכשריפט

באַם דערמאָנען זיך אָן דיר — ציטערן אויף מיינע נאַזלעכער.
מיינע אויגן קוקן טיף אין מיר אַליין אריין.
גייסט אויף פאַר מיר קאָלירדייך ווי אַ וואונדערלעכער פּאַווע־פּעכער —

און אָטעמסט אַף מיר ווינט און זון און שטערנשיין.
מיין האַרץ נעמט זינגען מיט דערמאָנונג, פון שיקערער דערמאָנונג —
פאַרווירט, צעטומלט און באַרוישט — ווי פון אויסגעשפּילטן וויין.

באַם דערמאָנען זיך אָן דיר: ציטער פון דערוואַרטנדיקע טריט.
אָרעמס — אונטער קאָפּ. ווערטער — שטיקער גאָלדענער האָניק.
— נאָר דערמאָנען — דערמאָן איך זיך אָן דיר — שוין קיינמאָל ניט.

# אַטלאַנטיק סיטי

איוואַ'ן

אַ, שטומע נאַכט,
אַ, רויש פון יאַם,
אַ, וואונדער, פון נישט צום באַנומען דיך — וואָר!
איך בלאָנדזשע, ווי אין וואַנדל,
מיט אויגן דורשטיקע נאָך שלאָף,
און מיר ווערט אַלץ אומפאַרשטענדלעכער
דער קויעך וואָס הייבט אויף —
אין מיטן נאַכט פון בעט,
אַ מענטשן — ווי איך,
וואָס ציילט שוין נישט אין קאָפּ די גרויע האָר.
וואָס שפּילט שוין אָפּט —
(עמעס, נאָך אַלץ מיט יינגליש־האַרץ)
דעם קלוגן נאַר.
וואָס וויל פאַרשפּילן זיך מיט באָכמע פון ניכטערע רייד.

נאָר ס'טרעפט:
דער אָטעם פון וואָר טוט אָף מיר אַ הויך,
פאַרשווינדט ווי רויך
די גאַנצע קינדער־שפּיל.

## פון אומעטום

דעמאָלט וועל איך שטיל און לויטער.
און כ'לאָז זיך פירן פאַר דער האַנט.
ווי איצטער בלינדערהייט,
גאַס־איין, גאַס־אויס —
אַף פרעמדער ערד, אין פרעמדער שטאָט,
פון נאָגנדיקן וואָגל.

— ווי קום איך אַהער?
— אַ באַליידיקטער ריטער,
— אַן אויסגעטײַלטער גער,
— וואו דער ליידיקגייערישער שטאַם,
— וואו די פאַרשוועגדערישע רײַכקייט,
— כוויזעקט פון מיר אַף שריט און טריט אַדאָ,
— און פאַטשט אומפאַרשעמט און פרעך מײַן אָרימקייט אין פּאָנעם!

— אומזין פון אומזיסטע דורכגערײַזטע מײַלן!
— וואָס האָט מיך געבראַכט אַהער?
— נאָך וואָס בין איך געקומען דאָ זיך לאַנגווײַלן,
— און נערן מײַן האַס מיט סאַם —
— פאַר די, וואָס רויבן דיך אוועק פון מיר,
— און קויפן אָפּ דײַן צײַט —
— וואָס שטייט ווי אַ צאַם
— צווישן מיר און דיר!

נאָר פלוצים בלייב איך שטיין פאַר דיין הויז,
ווי אַ אינגל אין פיבערדיקן שרעק פון ערשטן ציטער.
און כ'זע ווי אין דער הויך —
שווימט לייכט ווי רויך,
שווימט פרום און לויטער —
אַ יונגע לעוואָנע
ווי אַ דינער, פייערדיקער נאָגל!

— זי שווימט שטיל, דערשראָקן און טרויעריק.
זי זעט אויס טריב און איבעריק
ווי איך דאָ אין דער פרעמד.

אין דיין פענצטער פלאַטערט אַ פאָרהאַנג —
ווי אַ ווייסע טויב.
(אַ צייכן עפשער, פון דיין וואַכקייט
וואָס רייסט זיך, ווי פון קלעם, מיך צו באַגריסן?)

— זין פון מיין אומרו!
— זין פון מיין בענקשאפט!
— זין פון מיין נאכטיקער לויב —
צום פארשטענדלעכן וואונדער פון באנומענער וואָר,
וואָס הייבט אויף —
אין מיטן נאכט פון שלאָף
א מענטשן — ווי איך,
— וואָס ציילט שוין נישט אין קאָפּ די גרויע האָר,
— נאָר בויגט אים, בא לויטערער לעוואָנע שיין —
— (אין געבעט — )
— פון בענקשאפט פאר דיר איין — — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —



